# אונזער קיום

הרב שרגא קאָסוט		הרב יצחק מנחם וואפנער



## חלק ראשון

ניו־יאָרק — תרצ״ד

פאַרלאַג „אונזער קיום", נױ יאָרק

242 EAST BROADWAY

NEW YORK, N. Y.



הרב יצחק מנחם וואפנער

Rabbi ISAAC M. WAPNER

## הסכמת הרב הגאון הגדול וכו' וכו' וכו'
## מוה"ר שמואל יוסף שליט"א וואפנער

אל כבוד אהובי בני מחמד לבבי הרב המאוה"ג וכו' מוה"ר יצחק מנחם וואפנער שיחי', רב בברוקלין.

מה מאד שמחה נפשי לקראת ספרך היקר „אונזער קיום" אשר מצאתי בו מרגניתא מבא לטובת עמנו, ובדברך האמיתים בטוח אני שתקרב לב בנים אל האבות, ולב אבות אל בניהם.

ידעתי בני ידעתי את גודל מעשיך מיום שזכיתי להדריכך בדרכי התורה, וזכות אבותי הקדושים, ובפרט זכות כתר משפחתנו הרב הקדוש אלקי הרבי ר' פישעלע מסטריקוב זצוק"ל יעמוד לך בכל עבודתך הקדושה לעולם.

ועתה בני יקירי, מעת שהכתירו אותך הרבנים בסמוכות להורות ולדין ולהיות מנהיג ישראל אשר גם אנכי סמכתיך להיות רב בישראל, (כמנהג אבותינו ליתן סמיכה לבניהם מדור דורות). בקשתי מאת השי"ת לראות החידושי תורה שלך יוצאים לאור עולם.

ותפילתי לאל השמים שדברך יתקבלו בתוך בני ישראל.

אביך ורבך

הק' שמואל יוסף בהרב החסיד ר' צבי זאב זצ"ל וואפנער (יאנאווער רב), רב בפרור נייער-לודז.

---

## הסכמת הרב הגאון המפורסם, מזה בן מזה וכו' וכו'
## ר' אלעזר אליעזר ליפא גארטענהויז שליט"א

אבד"ק מיקאלאיעב וכעת פה בניו יארק, נין ונכד קדושי עליון, רבנו **הבעל שם טוב** ומרן הגה"ק בעל הנועם אלימלך זיעועכי"א.

ב"ה.

כן חזיתי אנשים מהירים במלאכתם מלאכת הקודש ה"ה ידידיי הרבנים וכו' הרב שרגא קאשוט והרב יצחק מנחם וואפנער שליט"א, בהוציאם לאור עולם פרי עשתונותם, רעיונות נעלים ונשגבים, יורדים חדרי לב להלהיב לבות בני ישראל לאביהם שבשמים, נדפס בכתב ולשון עמנו כדי שיהא מובן לכל נפש. ויקראו שם מחברתם „אונזער קיום", ושם זה נאה ויפה, כי כל מה שנכתב שמה הוא קיום עמנו, כאשר יראה הרואה, ותשח"ח להרבנים שיחי' על פעלם היקר לזכות את הרבים, וידוע מאמרם ז"ל, האי צורבא מדרבנן דמי לפרצידא דתותא קלא דכיון דנבט נבט, ויזכו להפיץ גם שאר כתבי ידם על פני תבל ויהנו רבים מאורם.

הכו"ח לכבוד התורה הקדושה ולומדי', כ"ב אלול תרצ"ג פה ניו יארק.
הק' אלעזר אליעזר ליפא גארטענהויז,
האבד"ק מיקאלאיעב, וכעת חופ"ק הנ"ל.

# תעודות היתר הוראה

של הרב המחבר ר׳ שרגא פייוויל קאסוט

## א

ב"ה

לראי׳ ולא"א, לכבוד האבדך הרב הגדול החו"ב ונבין ביראת ה׳ כ"ש מוה"ר שרגא פייוויל קאסוט נ"י.

דברתי עמו כמה פעמים בהלכה וראיתי כי הנהו מלא בכמה מקצעות בהש"ס, ובקי בחלקי הש"ע יו"ד להשיב דבר בעניני או"ה, להורות לכל שואל. ע"כ הנני נותן הסכמתי לתתי לו תעודת היתר הוראה וכו׳.

והנני לברכו כי יברך ה׳ את חילו לאורייתא.

ב׳ וירא תרע"ז.

גבריאל זאב מרגליות,
ראב"ד לעדת ישראל שבנויארק.

## ב

ב"ה

הנה הרב הגדול מוה"ר שרגא פייוויל קאסוט, יודע אני אותו היטב, וכמה פעמים השתשעתי עמו בהרבה סוגיות הש"ס ובעניני או"ה, ומכל דין סמכא, ותיכף לסמיכה ברכה, והקהלה אשר תקבלהו לרב תביא ברכה לרגלו.

י"א מנ"א תרע"ו.

שמואל ארי׳ אלשעווסקי,
רב לאגוה"ק דבראנקס, נויארק.

# הרב יצחק מנחם וואַפּנער

(ביאָגראַפישע נאָטיצען)

פון הרב אהרן הלוי דים

יאָהרענלאַנג איז געווען מיין שטרעבונג לקרב לב בנים אל אבות דורך ספרים געשריבען אין דער שפּראַך וואָס יעדער איד רעדט.

ומגלגלין זכות על ידי זכאי. איז געקומען ידידי הנאמן הרב וכו׳ ר׳ יצחק מנחם וואַפּנער מיט דעם ספר „אונזער קיום" אין וועלכען ער איז מזכה את הרבים מיט זיינע אמת׳ע תורה טרייע ווערטער, מיט דער התלהבות פון קנא קנאתי, צו לערנען דעם איד את הדרך אשר ילכו בה.

איך פיהל עס פאר א חוב קדוש, צוזאמען מיט מיין הסכמה אויך צו ערקלעהרען בלויז, מקצת מן המקצת וועגען דעם לעבען פון ידידי הרב המחבר.

אין יאָהר תרפ"א איז הרב יצחק מנחם וואַפּנער אויפגענומען געוואָרען אלס רב אין דער שוהל „שערי שמים", אין פילאַדעלפיא. די צוויי יאָהר רבנות פיהרונג זיינען באריהמט צוליב די אָרטאָדאָקסישע תקנות וואָס ער האָט אין דער שוהל געשאַפען. אויך געווען רב פון דער „בית אברהם" שוהל.

א תלמוד תורה על טהרת הקודש. די גרינ־דונג פון דער ערשטער חברה משניות איז גע־ווען די הויפּט ארבייט זיינע.

אין יעדער אידישער שטאָדטישער אנגע־לעגענהייט פון דער פילאַדעלפיער קהלה איז ער געווען מיטבעטייליגט.

די אנדערע צוויי יאָהר איז ער געווען רב אין וויינלאַנד, נ. דזש. דאָרט האָט ער ממש אידישקייט איינגעפלאַנצט. זאָגאר א חברה ש"ס אין שטאָדט געגרינדעט.

חנוכה תרפ"ה אנגעקומען אלס רב אין דער „בני שלום קהלה" אין עקראָן, אָהייאָ. די עלטסטע אָרטאָדאָקסישע שוהל אין שטאָדט.

דאָס עקראָנער אידישע לעבען האָט פּאַק־טיש מיט זיין אָנקומען פון ערשטען טאָג אָן אנגעהויבען בליהען. לימוד משניות אין דער פריה, א בלאַט גמרא אין אווענד. צוויי מאָל וועכענטליך לעקטשורס וועגען יהדות. פרייטאג אבענד דרשות. האָט די שוהל מיט דער שטאָדט אויפגעלעבט.

דאָס כשרות אין שטאָדט וואָס איז געווען אין א טרויעריגען הפקר צושטאַנד איז געוואָרען די הויפּט ארבייט, און עס האָט גענומען צוועלף חדשים אויסערגעוועהנליכע אנשטרענגונג צו שטעלען אין אָרדנונג.

עס איז ווירקליך כקריעת ים סוף שווער געווען דעם כשרות פּראָבלעם צו פאַרענטפערען, ובפרט צוליב דעם כאַאָס וואָס האָט געהערשט, און נאָכמעהר צוליב די שטערונגען פון כלפי פנים והן כלפי חוץ.

די גאַנצע צייט מיטגעגאַנגען צו יעדער שחיטה. צוויי מאָל טעגליך געווען אין בוטשער שאָפּ. מיט זיין מסירת נפש׳דיגע האנדלונג איז איהם געלונגען בעזרת השם יתברך כשרות איינ־צופיהרען.

למוד אין שוהל. קורסן. פאַרשידענע לעק־טשורס, ספּעציעלע חברות לחזוק היהדות. אויך אמת׳ע איבערגעגעבענע ארבייט בעניני צדקה איז געווען זיין הויפּט טעטיגקייט.

פון יאָהר תר"צ אלס רב לאגודות הקהלות החרדים, פון מיאמי, פלאָרידא. געגרינדעט דאָרט די וויכטיגע ועד הכשרות און די נויטיגע חברה קדישא והכנסת אורחים.

פאר יהדות עפ"י תורה ומסורה אין אלע קהלות איז זיין גאַנצע עבודת הקדושה געווען צו שטאַרקען יהדות עפ"י התורה ומסורה.

אין יאָהר תרצ"ב אלס רב אין ברוקלין, נויאָרק. איינגעפיהרט צוזאמען מיט א ועד המיוחד פון רבנים דאמריקא וענגלאַנד דאָס כשרות אויף דער „קונארד ליין" שיפס־געזעל־שאַפט, אויך געגרינדעט דאָס ערשטע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע וואָכענבלאַט „אונזער וועג" אין אמע־ריקא וקאַנאַדא.

# תעודת היתר הוראה

## של הרב המחבר ר׳ יצחק מנחם וואַפנער

בעזרת השם יתברך

דברי אמת ניתן לבאר בכתובים למען כבוד התורה ולומדי׳. באשר כבוד האברך הרב המאוה״ג עדיו לגאון ולתפארת וכו׳ מוהר״ר יצחק מנחם שיחי׳ וואפנער, רב בעקראַן, אַהייא, בן הרב הגאון וכו׳ וכו׳ מוה״ר שמואל יוסף שליט״א, אבד״ק נייער׳ס ראיאַן ופרור לודז במדינת פולין. נושא על שכמו משרת הרבנות זה ששה שנים בעירות שונות בארצות הברית, והרבנים המסמוכים נתנו עדים אליו, והכתירו אותו בכתר הסמוכות להיות רב בישראל, ולהורות ולדין. ומשבחים את גודל כחו בחריפות ובקיאות הדרוש לרב, והיראת שמים שיש בו. ומתק שפתיו להטיף לעם ה׳ דברי קודש ואמת, ועל סמיכות כאלו יכולים לסמוך העדה החשובה ביותר בערי ישראל.

ותהינו על קנקנו — אריכות וקצרות, בחידושי דאורייתא בדברים הנוגעים לפסק הלכה ואו״ה, ומצאנו אותו מלא וגדוש בכל ענינים, כאחד מהרבנים המובהקים, וג״כ ירא שמים באמת, ואנו מכירים בו כי ראוי לאותו איצטלא להיות רב בישראל. ואנו נמנים בין הנמנים שסמכו הרב הנ״ל, וכדאי לסמוך עליו כדברי הרבנים המסמיכים שיורה יורה וידין ידין בכל אתר ואתר, והעדה הקרושה שנהנית מזיו תורתו יתברכו ברוב אושר ועושר כמאמר חז״ל תיכף לת״ח ברכה.

א״ד המברכים בשם, היום ט״ז אד״ר לפ״ק, תרפ״ז.

נאום יעקב יוסף הכהן הורוויטץ
אב״ד פיטסבורג, פא.

נאום בנימין גיטעלזאָן
רב בקליוולאנד

# אונזער קיום

## פרק א

אמר לי' ר' חנינא לר' חייא בהדי דידי מינצת דאם חס ושלום נשתכחה תורה מישראל מהדרנא ליה מפלפולא, אמר לי' ר' חייא אנא עבדי דלא משתכחה תורה מישראל, דאייתינא כיתנא ושדיינא (זרענא), ומגדלנא נישבי (מקלע אני מכמורת) וצייֿדנא טביא (צביים) ומאכילנא בישרא ליתמי, ואריכנא מגילתא ממשכא הטביא וסליקנא למתא דלית בה מקריא דרדקי, וכתיבנא חמשה חומשי, לחמשא ינוקי, ומתנינא שיתא סידרי לשיתא ינוקי, ולכל אחד ואחד אמרי ליה אתני סידרך לחברך, והיינו דאמר רבי כמה גדולים מעשה חייא.

(כתובות ק"ג ע"ב)

**תברים היקרים!** די אידישע לאגע דא אין דעם לאנד איז גאר אין גאנצען אנדערש ווי די פון וועלכע מיר קומען. אונזערע קינדער פון די לענדער וואס מיר קומען האבען זייערע גאנצע קינדער יאהרען נאר מיט אידישע למודים פארבראכט וכמעט פון אנדערע זאכען ניט געוואוסט.

די „סביבה" אין וועלכער דאס אידישע קינד האט זיינע קינדער יאהרען אבגעלעבט איז עס געווען די גרויסע פעסטונג פון יהדות. צוליב דעב אידישען גייסט וואס האט דארט געהערשט איז די זיכערקייט פון אידישקייט—קיום היהדות געווען בטוח.

אויב מען האט ניט געקענט ערווארטען דאס אלע זאלען אויסוואקסען לומדים, אבער איין זאך איז מען געווען זיכער און מ'האט כמעט וועגען דעם ניט געזארגט. וויסענדיג אונזערע קינדער בלייבען אידען. זיי וועלען זיין אונזערע קינדער, אידען פון אידישען פאלק.

די „סביבה" פון אידישען קינד אין אמעריקא וואו דאס קינד לעבט זיינע קינדער יאהרען איז גאר א גאנץ אנדערע. עס איז א „פאבליק סקול" גייסט. די בעסטע שעה'ן פון טאג ווערען מיט ניט אידישע למודים דעם קינד'ס קאפ מיט די נשמה אנגעפילט, טיילמאל נעמט מען זיך צייט אויף א שעה אין טאג און מ'לערנט עפעס אידיש אדער אידישקייט און אמאל דאס אויך ניט.

איז דען לפי דרך הטבע מעגליך צו ערווארטען אנדערע ערפאלגען ווי די וועלכע מיר לעבען זיי דורך? עס איז נאך נענוג נסים מן השמים וואס די לאגע אין אונזער אידישער וועלט איז ניט ערגער וואו זי איז יעצט.

אין דעם לאנד איז צום גרויסען באדויער לבי ובשרי יתחננו לאל חי. מיט דער גאנצער אידישער נשמה בעטען מיר צו גאט, צוליב דער גרויסער סכנה וואס שטעהט פאר דעם איד. מיט ציטערדיגע הערצער רעדען מיר וועגען עתיד פון אונזערע דורות, ווייל מיר פארשטעהן דאס ערנסטקייט פון דער גאנצער חנוך. אידישער ערציהונג. מיט דער קיום היהדות פראגע.

„אונזער קיום" וואס דאס איז אונזער גאנצע ארבייט אויף דער וועלט. די איינציגע גרעסטע זארג וואס לאזט דעם אידען ניט רוהען מוז איינמאל פאר אלעמאל פארענטפערט ווערען.

ווען מיר קענען ניט ערציהען אונזערע קינדער זייענדיג זיכער מיט די ברכה פון השם יתברך, דאס „כה יהי" זרעך", אז די קינדער וועלען זיין ווי מיר, קען קיין גרעסער אומגליק פאר אונז ח"ו ניט זיין.

דעריבער איז דער פחד וועגען „עתיד" ביי אונז אידען דא אין אמעריקא פיעל גרעסער און מעהר בארעכטיגט ווי אין אלע אנדערע לענדער צוליב דעם וואס מיר דערמאנען זיך אין „ויהי השמש לבא", ווען די זון פון די עלטערע וועט דאך כפי דרך הטבע אמאל אויפהערען צו שיינען, דאמאלס איז „אימה וחשכה גדולה נופלת עלינו", דאס אידישע הארץ ציטערט זעהענדיג די גרויסע פינסטערניש וואס קומט אן. די אידישע נשמה זיפצט אנקוקענדיג די צוקונפטיגע פארטרעטער פון די הייליגע געטליכע ארבייט.

די איינציגע טרייסט וואס בארוהיגט אונזערע וויינענדיגע הערצער איז דער פונק פון האפענונג. די אמונה וואס מיר האבען אין השם יתברך, אז ברוב רחמיו וועט ער אונז ניט אבמעקען חס ושלום, ווייל „נצח ישראל לא ישקר", דאס נצחיות — אייביגקייט פון איהר וועט לעולם ועד בלייבען.

דאס נצחיות פון איד קען מען זעהען לויט די היסטאריע פון'ם אידישען פאלק. די געשעהענישען צייגען דעם גרויסען כח וואס דער „איד" פארמאגט.

מיר זעהן דעם „בגוים לא יתחשב", דאס ניט קענען גלייכען זיך צו אנדערע פעלקער צו־

ליב דעם וואָס דער איד איז בכלל אנדערש. עס מאכט אונז ממש שטוינען זעהענדיג דעם גרויסען קאָנטראסט פון איד און דעם ניט-אידען. אַלע פעלקער קענען נאר שאפען בעת זיי זיצען בשלוה. זיי קענען די וועלט עפּעס געבען ווען זיי זיינען שוקטים על שמריהם. פאַרלירען זיי אבער די עקזיסטענץ בארעכטיגונג, ווערען זיי אויף אלע נעבימען פאַלקאָם צובראָכען.

מיר אידען זיינען אבער פונקט דער היפּוך. אונזערע שעהנסטע כחות ווערען ארויסגעבראכט אין זייער נאַציאָנאַלען רייז פונקט אין דער צייט וואָס די ערנסטע טארנאדא געפאַהר טראָגט זיך איבער אונזערע קעפּ. וואָס טראגישער דער מאָמענט איז מעהר ווערען מיר דורך די יסורים קייטען צוזאמענגעקייטעלט. ווען אלע צעהלען שוין די מינוטען אלס ענדע פון אונזער עקזיסטענץ אָט דאמאָלסט שווימט „ישראל" ארויס פון ענדלאָזען צרות ים א מוטהיגער, גאנצער און שאַפענדער איד.

דער געטליכער כח פון „נצח ישראל" איז אין בלוט פון די אידישע אומה. דאָס איז אונזער שיף אין וועלכער מיר שווימען דורך אלע גלות ימים.

ווי גרויס אונזער הייליגער רצון צו פאַראייביגען דעם „נצח ישראל", קען מען זעהען לויט די אונגעהויערע גרויסע קרבנות וואָס מיר ברענגען אויף דעם מזבח פון חנוך, וואָס קיינמאָל נאָך האָבען אידען ניט אויסגעגעבען פאר חנוך אזויפיעל געלד ווי די אמעריקאנער אידען פאר די איין שעה'דיגע און טאָג תלמוד תורות. מען קען זאָגען א הון רב, א אונגעהויערע קאָלאָסאלע סומע ווערט פונ'ם אמעריקאנער אידענטהום יאָהרליך פארנוצט כדי צו ערדייכען א גרינדליכען סיסטעם אין חנוך.

ווי גרויס אבער די אויסגאבען זאָלען ניט זיין, פונקט אזוי קליין זיינען די רעזולטאטען. ממש ווי א קללת אלקים אויף דעם פעלד פון חנוך. וואָס שעהנערע תלמוד תורות מ'זאָל ניט בויען, וואָס מעהר געבילדעטע מלמדים מיט פרינציפּאלס מ'זאָל ניט האָבען, מעהר עמי הארצים וואקסען די תלמידים אויס, און מען קען זאָגען, אז נאָך 6-7 יאָהר ארבייט בעת דאס קינד עררייכט צו זיין בר מצוה, אלץ מעהר זעהט מען ווי ווייט ער קען ניט.

וועמען זאָלען מיר אין דעם באשולדיגען? זעלבסטפארשטענדליך, אז א טיפערע אורזאך וואָס דערלאָזט ניט אונזער אונגעהויערע מיה מיט מאַטערניש זאָל נושא פּירות זיין מוז דאָך ערגעץ וואו עס איז זיין. טאָ וואו און וואָס איז עס? נעמט למשל יוראָפּ אלס עקזעמפּעל. דאָרט האָבען מיר געהאט די ערפאהרונג, דאָס דער גאנצער חנוך בודושעט אין קליינע שטעדטלעך האָט טיילמאָל באטראָפען ניט מעהר ווי 500 רובעל א יאָר — פאר 2 אדער דריי מלמדים, און דאָך זיינען דורך זיי אויסגעוואקסען אידען תלמידי חכמים, דאָס קול תורה פלעגט קלינגען כמעט יום ולילה, דאָ אבער די שטעטעלע פון זעלבען גרויס ספּענדעט ביי $5000 א יאָהר. און דער רעזולטאט איז וואָס? נעמענדיג אין אנבעטראכט דעם אומגלייכבארען אונטערשייד מוזען מיר זוכען די סבה דערפון כדי אויסצוגעפינען די תרופה פאר דער זעהר אנגעוועהטיגטער טרויעריגער חנוך-לאַגע.

וואָס איז די סבה? וואָס איז דאָך די אורזאכע פון דעם טרויעריגען כמעט קאטאסטראָפּאַלען אומגליק וואָס האָט אזוי ביטער געטראָפען די אמעריקאנער חנוך וועלט?

בעת מיר נעמען זיך צום אנאליזירען די אמת'ע סבה פון דער לאגע, כדי מיר זאָלען וויסען די מיטלען מיט וואָס צו העלפען, וויל איך מאכען א קליינע אבער זעהר וויכטיגע באמערקונג. מעגליך דאָס וועט ניט פארשאפען צופיל תענוג, און אפשר וועט מער ווי איין איד מיט פארביסענע ליפען א טיפען קרעכץ געבען. עס איז אבער דעם דאקטאר'ס חוב אויב ער וויל א גוטע מעדיצין געבען ער זאָל דאָס שלאפקייט מיט אלע פרטים גוט פארשטעהן.

מיר אידען מוזען וויסען, אז צוויי הויפּט פעהלער זיינען דאָס געווען די „דזשערמס" וואָס האָבען כמעט אלעס פאראורזאכט. אונזער חנוך יסוד אונטערגעגראָבען, אונזער אידישע פעסטונג צושמעטערט און וואָס אונזער צוקונפט איז אזוי פארוואָלקענט.

די צוויי מהרסים פון דעם הייליגען אידישען בנין די הויפּט שולדיגע פון דער לאגע וואָס מיר געפינען זיך אָט יעצט אין דעם אמעריקאנער וועלט טייל זיינען די „מיטלען".

און „דורך וועמען".

ווייסען מיר דען ניט דאס יעדע מעדיצין מוז צוזאמענגעשטעלט ווערען לויט אלע כללים פון היגיענע? די בעסטע רפואה און פון גרעסטען פראָפעסאָר אויב ניט געמאכט לויט די פאָר-

שריפטען פון ריינקייט קען ניט העלפען, טיילמאל קען עס נאך שאדען.

די „מיטלען" וואס מיר באנוצען כדי צו דערהאלטען אונזערע צוקונפטיגע דורות זיינען ווייט פון די תורה כללים צו זיין ריין און היגיעניש־ כשר, וואס זאל זיין א רפואה פאר דעם חנוך פראבלעם. קארד פארטיס און טענץ אין די תלמוד תורות און שוהלען, טיילמאל אויך וואס מ'פארקויפט א „קוש" לטובת החנוך. אזעלכע שעדליכע צוזאמענגעשטעלטע אומריינע מעדיצינען קענען קיין בעסערע רעזולטאטען ווי מיר זעהען זיי יעצט ניט ברענגען, קיין בעסערע פירות ווי די וואס מיר האבען ביז יעצט קען פון אזא ארבייט ניט זיין.

צו קענען מיר מיט אזעלכע הענד וואס „רוח רעה שורה עליהם" ערווארטען אז אונזער חנוך זאל א קיום האבען?

צום באדויערען „דורך וועמען". ווער לערנט אין תלמוד תורה ווער נאר עס וויל, און ווער נאר עס טויג ניט צו עפעס אנדערש דער איז דער תלמוד תורה לעהרער. יעדעס סטודענטעל וואס אפילו בי רב לא קרי און וויל מאכען א לייכטען דאלאר אלס צייטפארטרייב דער ווערט עס דער תורה פארשפרייטער, פשוט כל צרוע וכל זב און טיילמאל ווערט ער נאר פרינסיפאל פון דעם תורה אנשטאלט.

אידען, אונזער אחריות וועגען תורה מיינט ניט בויען תלמוד תורה בילדינגס.

אונזער עם הספר רוהם מיינט ניט אנצורשטעלען געלערנטע אין קאלעדזש סאבדזשעקטס וואס לגבי אידישע למודים זיינען זיי עמי הארצים.

וואלט ניט אמאל בדאי געווען אביסעלע זיך אריינטראכטען אין דעם „הראשונים שמסרו נפשם על קדושת השם" גמרא תרוץ? יענע אידען אין דער אלטער היים האבען ניט געוואוסט פון די אמעריקאנער טעמים למשל, אז כשרות מיינט קלין—ריין, און אז כשרות איז געזונד. זיי האבען געוואוסט, דאס כשרות איז א מצות ה' א געטליכע מצוה. דאסזעלבע וועגען חנוך. מ'האט דארט מיט אונזערע קינדער געלערנט ניט בלויז וואס עס איז נויטיג צו וויסען היסטארי, נאר פשוט כדי זיי זאלען זיין אידען. זיינען זיי עס טאקע געווען. דאס קינד האט אידישקייט אין דערהיים אין זיך איינגעזאפט, און אין חדר ביים רבי'ן אידישקייט אין זיך איינגעווארצעלט. דא אבער, ווען כשרות מיינט בלויז צוליב ריינקייט שטה?

זעה איך צו עסען כשר, ווייל עס איז קלין — ריין; לערען דיין קינד אידישקייט, ווייל אנדערע פעלקער לערנען אויך זייערע קינדער זייער היסטארי. דורך אזעלכע „מיטלען" און מיט אזעלכע „מדריכים" קענען קיין בעסערע רעזולטאטען ווי די שמערצליך־טרויעריגע ניט זיין.

ווילען מיר דאס אונזערע קינדער זאלען באמת ריכטיגע אידען זיין, מוזען מיר זיך לערנען פון די מעשי חייא. אט דער תנא אלקי רבי חייא רבה לערנט עס און וואס ער האט געטאן כדי שלא תשכח תורה מישראל.

רבי חייא ברענגט צו אונז אלס משל די איינגעשאפטען פון הירש מיר זאלען זיי אנווענדען אלס די מיטלען, וואס זענען די איינציגע פאסענדע ווען מיר ווילען אונזער צוקונפט פארזיכערען.

א.) מה הצבי הזה מדלג ומקפץ מאילן לאילן ומסוכה לסוכה ומגדר לגדר כך הקדוש ברוך הוא מדלג ומקפץ מבית המדרש זה לבית המדרש זה כדי לברך את ישראל.

דער הירש שפרינגט, לויפט פון בוים צו בוים, פון פלאץ צו פלאץ. פון איין צוים צום צווייטען. אזוי איז אויך הקב"ה אין איילעניש פון בית הדרש צו בית המדרש כדי ער זאל בענשען די אידען.

ווי אנדערש זיינען אונזערע האנדלונג ביים היינטיגען טאג. א שרעקליכער תהום טיילט אונז אפ איינער פון צווייטען. א דור הפלגה פסיכיק הערשט צווישען אונז. ניט שוהלען אדער תלמוד תורות בויען מיר, נאר „קאנקורענץ" להכעים ארבייט טוען מיר. יעדעס ניט עהרליך מיטעל, ווי להבדיל ביי א מסחר נוצען מיר אויס ביי יעדער אונטערנעהמונג פון אידישקייט. בויען מיר א שוהל איז עס ניט צוליב דעם צוועק מרבה צו זיין קדושה נאר על חורבנה של חברתה ר"ל וואס איינע וויל רואינירען די אנדערע.

ניט כדי להרים קרן התורה ודת איז דער ציעל פון בויען א תלמוד תורה, נאר כדי די אנדערע צו ברעכען.

אנשטאט וואס מיר זאלען געהן זוכען מיטלען די תלמוד תורות צו פארבעסערען, דעם למוד צו שטעלען על יסודי הדת. די פעסטונג פון יהדות צו שטארקען מיטצוהעלפען אין דעם אויפבוי פון אידישקייט און ניט קוקענדיג וואס

די וואָס געפינען זיך אין שכנות ראנגלען זיך מיט די כוואַליעס פון ניט עקזיסטענץ מעגליכ־קייט, בויט מען גאָר א נייע.

און מעהר ווי איינע ווערט גאר נעבויט טאקע נאר בלויז צוליב פערזענליכע אמביציע, און אפשר גאר פריוואט אינטערעס אדער פני׳.

ווי שמערצליך איז דער טרויעריגער פאקט, וואָס אנשטאט א „תורה ותפלה" פלאץ ווערט עס גאר א מין ביזנעס וממילא פארשטעהט מען שוין וואָס די „ביזנעס" ברענגען. וואו ניט וואו הערט מען אז די אדער יענע שוהל האָט לכבוד א חזן פארקויפט „שבת טיקעטס" וכדומה אזעל־כע זאכען.

לערן זיך אבער פון הירש, ווען ער שפרינגט פון איין בוים אויפ׳ן צווייטען, טוט ער עס ווייל ער רעכענט אלע בוימער אלס איין בוים. אלע צווייגען זיינען איהם טייער און ליעב.

דאָס זעלבע מוז זיין אונזער גאנץ שטרע־בען ווען עס קומט צום בויען שוהלען. מקומות הקדושים לתורה ותפלה, אלע פאראייניגט בלב ונפש להחזקת היהדות, וואָס דאָס „אחדות" לערענט אונז הקב״ה וואָס פון איין בית המדרש צום צווייטען קומט ער אונז צו בענשען.

ב.) הצבי קל המרוץ. פונקט ווי דעם הירש׳ס נאטור איז צו לויפען שנעל, קיינ־מאָל נעהט ער לאנגזאם.

דאָס זעלבע מוז זיין דער „רץ כצבי", שנעל מוזען מיר רופען אספות, אונזער ארבייט לטובת החנוך טאָר ניט אבגעלייגט ווערען. עס קען חס ושלום שפעט זיין. אם לא עכשיו אמתי? אויב ניט באלד מי יודע צו עס וועט ניט שפעט זיין.

ג.) הצבי כשהוא ישן, עינו אחת פתוחה, ועינו אחת קמוצה. דער הירש ווען ער שלאָפט איז איין אויג אפען און נאר איין אויג פארמאכט.

דאָס איז פון די וואונדערבארע נאטורען וואָס השי״ת האָט יעדע באשעפעניש בעשאנקען. דער הירש וויים ביי זיין אינסטינקט דאָס ער איז אין סכנה.

צוליב זיין שעהנע פעל מיט די רייצענדע הערנער, לויערען יעגערס אויף טריט און שריט איהם צו פאנגען. אויך אנדערע סכנות נפשות וואָס שטעהן איהם פאָר.

מיט דער הילף פון דער השגחה העליונה איז זיין פארנעפיל זייער שטארק. ניט קוקענדיג ווי מיעד ער איז און שלאָפט, דאך איז איין אויג אימער אויף דער וואך, אייביג איין אויג אָפען צו היטען זיך על כל צרה שלא תבא. זיין גרייט פאר וועלכען עס איז צופאל זיך צו קענען שי־צען.

איד! ווי גליקליך דו זאָלסט ניט זיין, ווי גוט דיר איז שוין אין דעם לאנד וואָס דו לעבסט, ווי זיכער זאָלסט דאָרט ניט זיין, געדענק וואָס דער „הירש" לערנט אונז. אייביג מוזען מיר א אויג האלטען אָפען, זיין שטענדיג גרייט, ניט פארשלאָפען און מיט א עין פקיחה גוט נאָכזע־הען וואָס אונז שטעהט פאָר.

ווען מיר קענען שוין איין אויג „דאָס אויג הגשמי" לאָזען רוהען, מוז אבער דאס צווייטע „אויג הרוחני" קיינמאָל ניט פארמאכט האלטען, אייביג האלטען אָפען צו זעהען וואו מיר האלטען אין דער וועלט.

ד.) בשעה שהצבי רץ, היא עומד לפעמים ורואה לאחוריו. ווען דער הירש לויפט אב א געוויסע שטרעקע שטעלט ער זיך אב און באטראכט דעם אבגעלאָפענעם וועג.

ניט בלויז לויפען איז דער ציעל, נאר נאָכ־זעהען פון וואנען קומסטו? ווי זעהט אוים דאס פריהעריגע. דאָס לערנט אונז דער הירש; מסירת נפש זעהען מיר פון די וואָס זיינען געווען פריי־הער פון אונז. באלד ביים געבורט פון קינד הא־בען די עלטערן בעת קיום פון די ערשטע מצוה געזוכט דאָס דער מוהל זאָל זיין א ירא וחרד ש״ע יו״ד רס״ד) א איד א למדן און באריהמט מיט זיינע מעשים טובים. דאסזעלבע ווען מ׳האלט ביי חנוך, מ׳האָט געזוכט א ריכטיגע פאראַנטוואָרטליכע פערזאָן וועמען מ׳זאָל אנ־פארטרויען די נשמה פון קינד.

ניט בלויז די מעטאָדע ווי אזוי „אויסלער־נען" דאָס קינד איז געווען דער ציעל פון אונ־זערע עלטערען, נאָר ווי אזוי אין איהם „איינצו־לערנען" אידישקייט. איינפלאנצען אהבת ה׳, איינוואָרצלען אין קינד מנעוריו די קדושת התורה איז געווען זייער שטרעבען.

ווי קליין דאָס קינד זאָל ניט האָבען געווען בעת ער האָט אנגעפאנגען צו געהן אין „דרדקי" און ווי אלט דער איד זאָל ניט יעצט זיין, גע־דענקט ער זעהר גוט ווי מ׳האָט איהם אלס קינד איינגעהילט אין א טלית און געבראכט אין חדר.

ניט זיין גוף איז געווען דאמאָלס איינגע־וויקעלט אין א טלית, נאָר זיין נשמה איז גע־וואָרען אין דעם אידישען אוניפאָרם איינגעבונ־דען.

וואָס דער היינטיגער איד — דאָס דאמאָלסדיגע קינד זאָל יעצט ניט זיין, גאנץ אנדערש וואָלט ער געווען אויב דאָס ביסעלע איינגעוואָרצעלטע קדישה פון דער קינדהייט וואָלט איהם ניט געבונדרען געהאלטען.

דאָס איז דער רוהם פון רבי חייא הגדול: „אנא עבדא דלא משתכחת תורה מישראל“. לויט מיין וועג און סיסטעמע וואָס איך פיהר איז צו פארויבערען דעם חנוך פראָבלעם. די תורה זאָל ניט פארגעסען ווערען.

דאָס לערנען מיט דעם קינד מוז קומען דורך א פארבערייטונג, מיט א געהעריגער צוגרייטונג נאָך איידער דער למוד גופא.

מחשבה, איבערצייגט אונז דער תנא אלקי — איז פון דאָס וויכטיגסטע וואָס איז נויטיג אין דעם חנוך סיסטעם. די קלענסטע מחשבה לא טהורה מאכט פון דער גאנצער ארבייט פגול ר״ל. אויסער דעם וואָס עס ברענגט קיין נוצען, איז עס שעדליך ממש שריפת נשמה והגוף קיים.

ראייתינא כיתנא ושדיינא. באלד אין דער התחלה פון פלאנצען איז נאר מיט דער הייליגער מחשבה פון דער קדושת התורה.

דאביי איז וציידנא טביא. פון אלע מדות, פיהרונגען פון „הירש“ לערען איך זיך ווי אזוי דאָס קינד צו ערציהען, ווי אזוי אהבת התורה. ליעב צו האָבען די תורה איז דער צוועק.

וסליקנא למתא דלית בה מקריא דרדקי — ווי נאָר עס איז נויטיג קום איך מיט די הייליגע צאן קדשים לערנען. ניט איך פארלאָז זיך אויף אנדערע אדער אויף קהל׳שע אנשטאלטען. פערזענליך טו איך די עבודה הקדושה.

ולכל אחד ואחד אמרי לי אתני סדרך לחברך — יעדער איינער מוז מיט דעם צווייטען לערנען. יעדער מוז דעם קינד די תורה אליין איבערגעבען.

ווילסטו איד דיין קינד זאָל אויך א איד זיין, ווילסטו איהם אלס דיין שטעלפארטרעטער האָסט ליעב תורה, ווען קדושת התורה איז דא עס, ווען אידישקייט איז ביי דיר טייער, ווען דו האָבען? קענסטו עס דערגרייכען ווען דו ביזט ביי דיר, דאמאָלס גיב עס איבער דעם קינד. תורה מוז איינער דעם צווייטען איבערגעבען.

והיינו דאמר רבי כמה גדולים מעשה חייא — אויף דעם האָט רבינו הקדוש אויסגערופען: איד, לערן זיך, זעה דעם נייעם זיכערען וועג אין חנוך וואָס רבי חייא האָט פאר אונז געשאפען.

## פרק ב.

וה״י כאשר ירים משה את ידו וגבר ישראל וכאשר יניח ידו וגבר עמלק. ווידי משה כבדים ויקחו אבן וישימו תחתיו ואהרן וחור תמכו בידיו מזה אחד ומזה אחד.

שמות י״ז.

די גאנצע אידישע מחנה איז אין פיבערהאפטע צוגרייטונג צו דער מלחמה מיט דעם עמלק. יעדער באזונדער איז פארנומען מיט אן ארבייט אויסצופיהרען דעם באפעהל פון העכסטען קריגספיהרער יהושע.

יעדער קריגס־פעהיגער, אויסגעצייכענטער מלחמה־מאן לויפט שנעל צום פארזאמלונגס־פלאץ צו זיין גרייט אנצופאנגען דעם מארש אונטער זיין שבט פאָהן געגען דעם שונא חנם, וואָס איז באפאלען דער אידישער מתנה.

מיט קינדער טרייע אויגען זוכען אלע אויסצוגעפינען וואָס וועט אונזער געטליכער פיהרער משה יעצט טאָן, וואָס וועט יעצט זיין דער ערשטער שריט פון דעם הימעלדיגען שליח.

ניט מיט דער מחנה האָט אויסגערופען דער העראלד — געהט יעצט משה. דער משיח המלחמה וועט יהושע־זיין. משה, אהרן און חור געהן צום ראש הגבעה.

ווי אימפאָזאנט איז געווען דאָס בילד פון די דריי משרתי ה׳ בשעת זיי האָבען פארנומען זייער פאָזיציע אויף דעם שפיץ בארג. ווי געטליך האָט אויסגעזעהן משה רבנו זיצענדיג אויפ׳ן שטיין־בארג די אויגען אויפגעהויבען צום הימעל און דערביי האלטענדיג די הענד הויך.

מיט אונמענשליכע גבורה האָבען די אידישע „אויסדערוועהלטע“ גבורים איין אטאקע נאָך דער אנדערער אבגעשלאָגען. די גרויסע מיליטער קאלאָנען פון די עמלקים זיינען מיט שווערען פארלוסט צוריקגעשליידערט געוואָרען.

וואָס לענגער די מלחמה האָט געדויערט אלץ שוואכער זיינען די אידישע שונאים געוואָרען. די אידישע שווערד האָט זיי שוין באלד געהאט אין גאנצען אבגעשוואכט. יעדער פון די אידישע מתנה האָט זיך שוין באלד געגרייט צום מאָמענט פון קענען פייערען דעם נצחון איבער דעם שונא.

די לאגע איז געפעהרליך, שטורמט פלוצים יהושע׳ם מלחמה סיגנאלען. די טראמפייט סיגנאלען מאכען זייערע הערצער ציטערען, טרויעריגע סמנים פון א נידערלאגע פיהלען אן דעם

אידישען לאנער. ונבר עמלק הערט זיך ווי איינער ניט איבער דעם צווייטען.

אויך אויף דעם האפנונגס־פלאץ, דער ראש הגבעה טרויערט מיט. משה'ם קאפ איז אנגעלעגט אויף די אקסלען. די הענד ארונטערגעלאזען. דער עמלק האלטביים זיגען.

אהרן וחור פארזאמען אבער קיין צייט. משה ווערט אויף דעם שטיין געזעצט, די הענד אונטערגעהאלטען פון יעדען איינעם פון זיי. רעכטס און לינקס. משה רבנו הויבט זיין קאפ צוריק צום בורא און מיט זיינע פריש אויפגעהויבענע הענד א נייע ווענדונג דעם אויסגאנג פון דער מלחמה געגעבען.

לה' המלחמה, שפריצט מיט פייער דער משיח מלחמה. מיר מוזען פארטיידיגען דאס אידישע פאלק איז געווען דער איינציגער וואונש פון די אידישע העלדען.

דער ראש הגבעה מיט די דריי מלאכים פיגורען האט זיי צום זיעג געפיהרט.

ויחלוש יהושע את עמלק. דער שונא איז געפאלען, געבראכען געווארען מיט דער אידישער שווערד.

אידען! יעדעס תורה ווארט איז א נצחיות. מיר מוזען די תורת ה' מיט אלע מעשה ה' אלס וועגווייזער פאר אונזער לעבענסוועג האלטען.

ניט משה'ם הענד מאכען געווינען א קריג אדער מאכען פארלירען א מלחמה — זאגען די חכמים זכרונם לברכה. ווי ווייט דער פאקט איז דאמאלס געווען אמת, דאס ער האט מיט זיינע הענד די מלחמה געפיהרט אויך געבראכט צו דער פארניכטונג פון עמלק.

דאך איז עס דער גאנצער ספור פון דער געשעהניש א למוד פאר אונז לעתיד.

ווען דער איד געהט ארויס פון מצרים און וויל אנפאנגען זיין תורה לעבען, דאן קומט דער עמלק, דער שונא חנם פארשטעלט אייביג דעם אידען דעם וועג.

אין יעדער צייט, אין יעדען לאנד איז דער שונא חנם שטארק געננג ער זאל דעם איד מלחמה ערקלערען, ער זאל דעם איד אין דער גרעסטער סכנה לאגע שטעלען.

די מלחמת עמלק הערט קיינמאל אויף. די שטורם קאלאנען פון אידישען שונא באפאלען די אידישע מחנה ווען נאר זיי ווייסען פון אידישער שוואכקייט, ווען נאר זיי קלערען וועגען א מעגליכקייט דעם אידען צו קענען שלעכטס טאן, דאן איז שוין דער עמלק גרייט.

יעדער עמלק האט זיין קרינס־פיהרונג סיסטעם נעגען דעם אידישען פאלק. אין יעדען לאנד ווערט די מלחמה אויף אנדערע וועגען מיט אנדערע מיטלען און פארשידענע סיסטעמען געפיהרט.

טויזענדער יאהרען איז דער „בידוע שעשו שונא ליעקב" אלט. די שנאה ווערט אין יעדען לאנד און אין יעדער צייט אין א פארשידענארטיגער פארמע אויסגעדריקט.

אין איינינע לענדער געשעהט עס דורך ברוטאלע פיזישע מעשים, וואו מ'שלאגט דעם אידען. מ'פאגראמירט אידיש האב און גוטס. אין אנדערע לענדער קומט עס פאר מיט מעהר ציוויליזירטע פייניגונגס מעטאדען. מ'דריקט און מ'שטיקט דעם אידען אויף א אונזעהבארען אופן, אן אייזערנע האנד איבערגעצויגען מיט א זיידענע הענדשקע.

טויזענדער יאהרען איז דער אידענהאס די „שנאת הדת" אלט: מ'האסט דעם איד צוליב זיין תורה, זיינע דינים, זיינע געטליכע מעלות און צוליב זיינע שיינע אלקות־מדות האט מען דעם אידען פיינט.

„וישטום עשו את יעקב". דער עשו האט יעקב'ן פיינט. ווען ער ציינט עס ניט ארויס עפענטליך. אמאל שמייכעלט ער נאך און רעדט נאך וועגען „אחוה", ברידערליכקייט. אין הארצען אבער טראגט ער די גיפטיגע פיינדשאפט און זוכט מיט אלע תחבולות ווי אזוי יעקב'ן וואס בלוטיגער צו טרעפען.

„יקרבו ימי אבל אבי", זאלען נאר טרויער טעג קומען. זאל נאר קומען א פאסענדער מאמענט — טראכט זיך דער עשו. „ואהרגה את יעקב אחי" — און איך וועל זיך ניט אבשטעלען, ווען נאר די געלעגענהייט וועט קומען. איך מוז דעם יעקב פארניכטען.

דער געטליכער משה, דער איבערגעבענער פאלקס־פיהרער האט דאס אלעס פאראויסגעזעהען, און מיט זיין מסירת נפש'דיגער אהבה צו זיין עם ה', אונז געלערענט ווי זיך צו האלטען אויף אונזער גלות וועג ביז מיר וועלען קומען צו אונזער היים, דערצעהלט ער אונז.

איד! די שכנים זיינען בעת אונזער מדבר וואנדערונג פון אונז רייך געווארען. פון איין נסיעה צו דער צווייטער האט אונזער נאלד זיי גליקליך געמאכט. מיר האבען אלעס נעקויפט. קיין זאך פון קיין מענש פערלאנגט. האט דען ווער פון אונז ווּעמעס לאנד געוואלט עראבע־

רעו? אפילו א טרונק וואסער — מים בכסף שתינו — פאר גוטעס זילבער געקויפט.

מיר האבען דאך די וועלט גליקליך געמאכט מיט דער געטליכער תורה. דאס לעבען פון דער מענשהייט געזיכערט. די עשרת הדברות אלס די איינציגע קאנסטיטוציע וואס מאכט דעם קיום האנושי זיכער.

לא תרצח. זיי קיין רוצח, ניט בלויז דעם צווייטען ניט הרג'נען, נאר קיין בלוט אויף וואס פאר א אופן זאלסטו ניט פארגיסען, זאגאר באליידיגען. „אזל סומקא ואתא חיוורא" איז אויך בכלל רציחה. מיט דעם לא תרצח האבען מיר דאס לעבען פון דער מענשהייט געזיכערט.

לא תגנוב! זיי קיין גנב. ניט בלויז צו נעמען דעם צווייטענס אייגענטום, נאר זאגאר גנבת דעת. לאבען, אבשפאטען, אבנארען, זאלסטו ניט.

מיט דעם לא תגנב האבען מיר דעם מענשענס פארמעגען פארהיט.

לא תשא — שווער ניט פאלש. ניט בלויז ניט שווערען, נאר דיין ווארט מוז הייליג זיין. הן שלך צדק. זאגסטו יעס זאל עס אמת זיין.

לא תחמוד — גלוסט ניט, וויל ניט דאס וואס עס באלאנגט דעם צווייטען. מיט דעם לא תחמוד האבען מיר די גאנצע עקזיסטענץ פאר דער מענשהייט אויף דער וועלט אייזענפעסט אויסגעשמידט.

מיט דער תורה — שרייט צו אונז משה רבנו באלייכטען מיר די גאנצע וועלטטיילען, וואס איז די איינציגע ליכט וואס פאריאגט די מורא'דיגע פינסטערניש.

דאך קומט עמלק, דער אלטער עשו און באפאלט אונזער מחנה. דער זעלבער עשו וואס שטאלצירט מיט זיינע מאראלען, מיט זיינע קולטור־אנשטאלטען, מיט זיין ציוויליזאציע. ווערט פלוצים א פיראט און פאנגט אן זיין שנאת חנם מלחמה מיט דעם געטליכען אידישען פאלק.

ניט בלויז ער אטאקירט די ארמעע, נאר ער ברעכט די אנגענומענע אינטערנאציאנאלע רעגלען, וואס זיינען די עלעמענטארע מענשליכע געזעצען. ער שלאגט די „נחשלים" די קריפעלס אין גאנצען אומשולדיגע פרידליכע מענשען.

ניט מיט א קריעג־ערקלעהרונג פאנגט ער אן די מלחמה, נאר ווי א ווילדער רויבער באפאלט ער אונז אין רפידים.

ויבא עמלק, קומט דער עמלק, וילחם עם ישראל ברפידים. ווייסטו פארוואס ער איז אויף אונז דוקא אין רפידים אנגעפאלען? ווייל ער האט דארט דערשפירט אונזער שוואכקייט.

ווערט נאר דער איד שוואך, ווי נאר עס איז דא מעגליכקייט שפרינגט שוין ארויס דער עמלק און שלאגט דעם אידען.

דאס איז דער געדאנק פון די חז"ל. רפו ידיהם מן התורה, האסטו איד אבגעלאזט דיין האנד פון דער תורה, ביזטו שוואך געווארען צו העלפען דיין תורה פעסטונג, מוז אויף דיר דער עמלק קומען.

ווי לאנג דער איד ווייס, דאס ניט ככל הגוים בית ישראל. דער ציעל פון איד איז ניט צו זיין א ערד פאלק גלייך מיט אלע פעלקער, נאר ער מוז זיינע גייסטיגע אוצרות גוט אויפהאלטען, זיינע געטליכע מאראלען אבהיטען, דאמאלס איז זיין שטארקייט גענוגענד זיך צו קענען געגען שונא באשיצען.

דער איד ווערט דאמאלס ניט ווילענדיג נעהערט, מיט קנאה זאגאר, אבער דאך געאכט. ער ווערט א משל פאלק און עס ווערט מקוים „ונברכו בך כל גויי הארץ". דער ניט איד מוז אנצייגען זיינע קינדער די אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען, מדות, טהאטען פון דעם איד, וועלכע זיינען א ברכה פאר דער מענשהייט.

ווען אבער דער איד קומט אין דער לאגע פון „רפידים", ער ווערט שוואך אין דעם „תורה" לאגר. אידישקייט פארלירט דעם גלאנץ. די אינערליכע מדות וואס זיינען די הייליגע ירושה פון אונזערע אבות ווערען פארטוישט פאר ניט אידישקייט.

דאמאלס מוז ווערען „וידי משה כבדים". ווי גרויס דער פיהרער זאל ניט זיין, ווי הויך ער זאל זיינע הענד ניט האלטען, וויפיל ער זאל ניט זיך אנשטרענגען צו פיהרען דעם איד, זיעגרייך קען ער ניט זיין.

דער איד וואס זאל לערנען דעם מענש אז די מענשליכע מדות מוזען זיין „איבערמענשליך". יעדע טהאט מוז זיין הימעלדיג. ווען אבער ער לאזט גאר זיינע אויגען ארונטער, זיין הארץ טראכט שוין ניט וועגען ג. ט., דאמאלס מוז דער פיהרער זיינע הענד מאכטלאז אראפלאזען, און דער אויסגאנג פון דעם קריג קען פאר דעם אידען ניט גינסטיג זיין.

ווילסטו משה'ן העלפען? ווילסטו דעם אידישען פאלק'ס קיום פארזיכערען? ווילסטו צוריק דיין אידישען גלאנץ צוריקשטעלען? מוז

א אהרן וחור מיטהעלפען, מיטהאלטען משה׳ס הענד.

אהרן וחור תמכו בידיו — יעדער איד פון וועלכען לאגער ער זאל ניט זיין, זאגאר ער איז פון די כהנים, פון די גרויסע, געזיכערט מיט אלעס, אויך ווי חור אפילו פון נאָבעלסטע פאַמיליען וואס האט פאר קיין זאך ניט מעהר מורא צו האבען. געדענקט אבער, אז אויב רפו ידיהם מן התורה, ווען מ׳לאַזט אב די הענד, קומט צו עס צו וגבר עמלק ח״ו. די חז״ל זאגען ניט שלא עסקו בתורה, ווייל ניט געלערענט, אבער שלא שמרו — ווייל ניט געהיט את התורה, נאר „רפו ידיהם" אפגעלאַזט, ניט מחזק געווען. פארלאַזט די ישיבות, די תלמוד תורות, די פעסטונגען פון חנוך איבערגעלאַזען אויף הפקר, ניט געשטיצט די לעהר אנשטאלטען, נאר א מתנת חנם געגעבען, ניט קיין חוב צו תורה באצאַלט, נאר א נדבה געגעבען.

דאָס ברענגט עמלק, וממילא אז משה מוז זיינע הענד אראָפּלאָזען קען דאָס אידישע פאָלק זיעגרייך ניט זיין.

אהרן וחור תמכו בידיו מזה אחד ומזה אחד — יעדער האָט אנגעהאלטען משה׳ס הענד אין יעדער זייט, ניט זוי מיר זעהען די שטיצע פון די וואָס קומען משה׳ן בזמננו העלפען.

יעדער קומט מיט זיין אייגענעם פּראָגראם ניט זייענדיג קיין אינזשעניר, דאך וויל ער לויט זיין אייגענעם שכל דעם אידישען קיום בילדינג בויען.

דער האָט א עצה, דאָס אידישקייט צו ערהאלטען אויב מוועט האָבען „דזשימנעזיומס" ביי די תלמוד תורה. דער צווייטער זעהט די רעטונג פון יהדות און האָבען טאנץ זאלען ווי דאָס התלהבות פון רקידה וועט דאס אידישקייט רעטען.

דער דריטער ווייס, אז אלע מצות ה׳ זיינען גאָר בדורנו ניט נוצליך. אלעס איז נאָר על יסוד אחד, אויב מ׳איז א איד אין הארץ.

דער פערטער ווייס, אז צדקה איז דער־הויפּט יסוד פאר די אומה הישראלית. מיט דעם דולר קען מען דאס גאנצע אידישקייט אויפהאלטען.

וועגען די אלע עצות פון די מיטהעלפער אין דער עמלק מלחמה, די וואָס ווילען רעטען דאָס אידישע פאָלק מיט זייערע פּלענער. שרייט משה רבנו: „ורם לבבך"—דו נעמסט און ווילסט אויפהויבען דאס „הארץ" און עס מאכען פון די עיקרי הדת, בעת דיינע עלטערן האָבען געוואוסט דאָס נאר מצות מעשיות זיינען די הויפּט יסודות פון אידישען קיום.

דיין פאָטער האט געוואוסט דאס פרנסה קומט פון ג־ט. דיין פאָטער האט געוואוסט אז עשירות איז מן השמים. דיינע עלטערן האָבען דיך געלערענט דאס שבת, כשרות, תפילין זיינען די זיילען וואָס אידישקייט שטעהט אויף דעם.

דו אָבער „מאכסט א לעבען", מאכסט געלד. א סבה ח״ו, זאָגסטו, מיר האָבען פארלאָרען אלעס, נאָר דו אליין אלעס געמאכט און אויך אליין פארלאָרען. און דער עיקר פון יהדות איז דאָס הארץ. זעה גוט ביי דיין „ורם לבבך"— האָסט דאס הארץ ערהויבען העכער ווי אלעס. דערביי אבער ושכחת את ה׳ — האָסט ממש פארגעסען אין בורא עולם אין אלקי ישראל.

דאָס זעלבע זאָגט דער נביא: מי בקש זאת מידכם — ווער וויל דאָס מיט בלויז „הענד" בלויז מיט די איינציגע מצוה פון צדקה, מיט דעם אמאל און יאָהר ביי יזכור אדער כל נדרי דאָניישאן זאָלסטו זיך שוין קענען אלעס איינריידען און קומען רמוס חצרי, צושטערען מיין בית המקדש ענדערען מיינע טראדיציאָנעלע הייליגקייטען, קומסטו אין מיין הייליגע מלוכה און ווילסט די שטיינפעלז פון אונזער ירושה פעסטונג איבערבויען.

תמכו בידיו מזה אחד ומזה אחד — ווען מיר קומען העלפען מוזען מיר וויסען דאס אונזער אידישקייט קען אָהן משה׳ן מיט זיין תורת ה׳ ניט זיין. זיינע הייליגע תורה הענד מוזען איבער׳ן אידישען לאַגער געזעהען ווערען. אהרן, אויב ער קומט העלפען מוז ער זיך שטעלען נעבען משה אין דער זייט מיטהעלפען, חור מוז אין דער אנדערער זייט משה׳ן העלפען, דאמאָלס איז דאָס אידישע פּאָלק געזיכערט, און עס קומט צו וגבר ישראל.

## פרק ג

אבוב הי' במקדש חלק הי' ודק הי' ומימות משה הי'. צוה המלך וצפוהו זהב ולא הי' קולו ערב, נטלו את צפויו והי' קולו ערב כמות שהי' (ערכין).

די איינציגע אומה וואָס וויל ניט וויסען פון קיין צייט ענדערונג זיינען אידען. מיר אי־דען ווילען ניט מאכען קיין חילוק פון עבר, אדער ענדערען דעם עתיד. אָט שטעהן מיר שוין טויזענדער יאָהרען פעלזען־פעסט אויף דעם יסוד פון לא יחלוף און מיר בילדען אונ־זער צוקונפט, אז לעולם לא ימיר.

דאָס פונדאמענטאלע שטארקייט מוז עס זיין די אורזאך וואָס האלט אונז די גאנצע צייט. דאָס איז זיכער דער צעמענט וואָס מאכט אונ־זער הייליג בילדינג, פייער און וואסער פרוב, וואָס נאָר עס זאָל ניט געשעהען.

מעגליך דאָס וועלען זיך צופאסען צו דער צייט איז עס די סבה וואָס גרעסערע און פיעל שטארקערע פון אונז זיינען שוין טויזענדער יאָהרען פון דער וועלט דורך די ים־וואלען אב־געשווענקט און זיינען אין תהום פון פארגעסענ־הייט איינגעשלונגען געוואָרען.

ווער וואלט דאָס זיך געקענט פארשטעלען אז נאַציאָנען וועלכע האָבען וועלט טיילען באַ־זיגט, כמעט האלבע ערדקוגלען באהערשט זאָ־לען מיט אזא שנעלען אימפעט פון דער וועלט־לאנדקארטע אבגעמקעט ווערען. ניט בלויז מען זעהט זיי ניט, נאָר ארכעלאָגען מיט היסטאָרי־קער מוזען גוט שוויצען ביז זיי געפינען צוויי־פעלהאפטע שיריים פון זייערע חורבנות וואָס זיינען איבערגעבליבען פון זייער אמאָליגער גרויסקייט.

און ווער פון אלע היסטאָרי שרייבער האָט דאָס שוין ניט מתנבא געווען וועגען דעם קליי־נעם שוואכען איד; ווער האָט דאָס שוין ניט אויסגערעכענט באותות ומופתים דאָס ניט מעהר ווי אזוי און אזוי לאַנג האָט „ישראל" נאָך צו זיין צווישען די פעלקער.

אויב מ'קוקט מיט אפענע אויגן אויף די אלע פריערדיגע היסטאָרישע פאסירונגען און לויט די אלע אנגענומענע רעגעלען צוליב די געשעהענישען מיט אלע פעלקער, זיינען זייערע אויסמעסטונגען פאָלקאָם ריכטיג, און יעדער פון די וועלט־געשיכטע נביאים איז לפי שיטתו גע־רעכט.

זיי האָבען נאָר איין זאך פארגעסען, פאר־גלייכענדיג די פאקטען פון די געשעהענישען, פון איין פאָלק צום צווייטען און דערביי זיך ניט גערעכענט מיט די קוואליטעט פון די מיט וועמען דאָס אלעס איז געשעהען.

דער זיגער האָט איינגעשלונגען דעם באַ־זיעגטען, אבער ביי דעם פראָצעס פון אסימי־לאַציע, איינשלינגענדיג עס, איז ער קיינמאָל ניט ארויסגעקומען ריין, טיילמאָל ניט בלויז וואָס דער באזיעגטער איז ניט געוואָרען פאָל־קאָם אויסגעמישט און גלייך צום זיגער, איז נאָר אויסגעקומען פארקעהרט, דער זיגער פלעגט פאַ־לען אלס קרבן און נאָר ווערען אין א קורצער צייט איינגעשלונגען פון באזיגטען.

דאָס פלעגט זיין לויט די קוואליטעט פון די ביידע עלעמענטען, כאָטש דער זיגער איז גע־ווען שטארק, דאָך ביי זיך געוואוסט זיין נידער־ריגקייט וממילא געשטרעבט צו דעם וואָס ער האָט גערעכענט אלס העכערעס און באלד גע־פאלען דורך אסימילאציע אלס קרבן צום באזיג־טען, און אזוי נאָך זיין אונטערגאנג אורטייל אונטערגעשריבען.

דאָס ניט אויסנעהאלטענקייט אָדער דאָס שוואכקייט פון זייער פאָלק־צוועק האָט געמוזט זיי ברענגען צו מאכען „צייט־ענדערונגען" און ווי גוט א צייט־ענדערונג זאָל ניט זיין אין דער צייט ווען מען ענדערט, זעהט מען ערשט שפע־טער ווי שלעכט דאָס האָט געווירקט אויפ'ן עתיד, וואָס כמעט אלעמאָל איז עס געווען שעדליך, און אפשר נאָר די סבה פון דער גאנ־צער פאָלקס אונטערגאנג קאטאסטראָפע.

צוזאמען מיט דעם גרויסקייט פון פאָלק, וואָס שטארקער עס ווערט, ניט ווילענדיג קומט דער וואונש פון פארשעהנערען. די צייט מאכט עס שוין אלס א נאַטירליכער נויטינקייט דאָס מ'זאָל דאָס געוועזענע ענדערען.

ניט קוקענדיג ווי טראדיציאָנעל די פיהרער זאָלען ניט זיין און וויפיל פאָלקסטרייהייט זיי זאָלען ניט באזיצען, מ'וויל עפעס נייעס שאַ־פען.

אויב מ'קען ניט פאָלקאָם דאָס געוועזענע ענדערען, וויל מען על כל פנים לויט דעם איי־גענעם געשמאק פארשעהנערען.

טייער איז טאקע ביי אידען יעדער איבער־בלייבונג פון דער אבות ירושה און נאָך טייע־רער זיינען די היילינקייטען וואָס זיינען איבער־געבליבען.

קיין איינציגעס פאלק אין דער וועלט האט אזויפיל בלוט מקריב געווען פאר זיין הייליגקייט ווי מיר אידען האבען מיט בלוט באצאלט פאר דעם בית המקדש.

עס וועט קיין גוזמא ניט זיין ווען מ'זאל זאגען דאס מעהר בלוט האבען אידען אוועקגעגעבען ניט צו לאזען חרוב מאכען די בית המקדש וויפיל בלוט דאס גאנצע פאלק האט אין גאנצען.

עד היום ווערט דאס „הקרבת הנפש" ביים איד ניט ווייניגער ווי דאמאלס בעת עס האנדעלט זיך וועגען געטליכקייט. קדושת השם איז איינגעווארצעלט אין דעם אידישען פאלקס־גוף.

דער מלך ישראל וויסענדיג די טראדיציאנעלע טייערקייט וואס איז איינגעווארצעלט ביים פאלק, זוכט אלעס צו טאן מ'זאל ניט ענדערען די קדשי הבית, דאס אידישע פאלק מיט דעם בית המקדש מוזען ווי פריהער בלייבען.

דאך האט דאס גרויסקייט מיט דעם שטארקייט אריינגעבראכט דעם גייסט פון וועלען „פארשעהנערען". פארוואס זאל ניט אלעס פארשעהנערט ווערען? פארוואס זאל ניט גאלד־טייערקייט דאס הייליגקייט באציערען?

צוה המלך, האט די הערשנעדע מאכט געמוזט צוליב דעם דראנג פון דער צייט הייסען דעם „אבוב", דעם פאלקס־רוף אינסטרומענט איבערגילטען. אט דעם אינסטרומענט וואס איז געבליבען מימות משה, א פארצייטיגע איבערבלייבונג, אן אנטיק פון משה'ס צייטען.

ומי יודע וויפיל דעבאטען עס איז אנגעגאנגען צווישען פארשידענע עקסטרימיסטען וועגען דעם. געווים האט איין צד אנגעוויזען אויף דער וויכטיגקייט וואס די ענדערונג מוז זיין, און וויפיל גוטעס דאס וועט פאר דעם קיום הדת ואומה פארשאפען, און אפשר גאר געוואלט מיט דער ענדערונג צוציהען דעם יונגען דור זיי זאלען זיך נעהענטער צום ביה"מ האלטען. פארוואס ניט אלעס מיט גאלד באציערען האבען געוויסע עקסטרימיסטען גע'דרשנט. דער פראכט פון גאלד־שיינהייט וועט מעהר קדושה שאפען. וואס מעהר שעהנינקע צענטערס מ'וועט האבען, וועט דאס יונגע דור מיט אונז מיטבלייבען.

די געגנער, די פונדאמענטאליסטען ווידער האבען געווים מיט מסירת נפש געקעמפט שרייענדיג חדש אסור מן התורה, אויפווייזענדיג ווי שעדליך די קלענסטע ענדערונג מאכט אויף דעם גאנצען פאלקס־לעבען.

זעהט! האבען די קנאים זיך מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען, ווי סכנה'דיג אלע רעפארם זאכען זיינען. צו ווייסט איהר דען ניט ווי אומגליקליך די מחריבי הדת האבען אונזער יוגענד כמעט פארניכטעט.

ווייסט איהר דען ניט וואס די מאדערנע פאלקס פארזארגער האבען פון די תורה — כעין פלסתר — געמאכט ממש א אבשפאטונג. פון שבת קיין זכר, ציון וירושלים ללעג ולשנינה. די תורה אלס א מענשליכע בבא מעשה, די חז"ל מיט די פוסקים אלס אבגעלעבטע בטלנים, אלע מצות ה' פאר ניט וויכטיג ערקלערט.

מיט די אלע הארצרייסענדע בקשות האבען די פרומע זיך ביי די מאדערנע געבעטען.

די אמת תורה טרייע פיהרער האבען מיט בלוט טרעהרען באוויינט דעם חורבן האומה. פון שטאדט צו שטאדט מיט זייער הייליגען רוף געשטורעמט, ווילסטו אלס עם קדוש בלייבען זעה דאס אומגליק וואס די נייע פארזארגער ברענגען אויף דיר.

דערמאן זיך איד, האבען די „אשר לא כרעו לבעל" אידען גערעדט. דער גג ההיכל האט געהאט א „סוף", א שארפען שפיץ ווי א שווערד, דאס שארפקייט האט די עופות טמאים פון בית המקדש פארטריבען.

בזמננו איז דאס „שארפקייט" פון דעם אידישקייט פארטעמפט. ווי נאר א עוף טמא האט וואס עס איז א טמא זאך, שטעלט ער זיך שוין אויף דעם שפיץ פון אלעם הייליגקייט.

ווער זיינען די וואס שטעהן אין דער שפיצע פון די נייע אידישע אנשטאלטען? פון תורה וויים ער ניט, חכמות ישראל וויים ער אזויפיל ווי דער ניט איד. גלויבען אין ג־ט, אין דער תורה אין די נביאים, פיעל ווייניגער ווי דער ניט איד. אט דער שטעהט אין דער שפיצע צו זיין דער מנהיג העם.

צו קענען דען אזעלכע מנהיגים פארזיכערען דיין עתיד? צו וועלען זיי מיט זייער בשר פגול אין מויל דיין בית המקדש ניט חרוב מאכען? מיט די ווערטער האבען די לוחמי מלחמות ה' זיך ביים אידען געבעטען.

דער צייט געדראנג איז אבער געווען שטארקער ווי דער אמת, דער שקר האט געזיגט און עס איז געקומען די צייט פון צפוי זהב, מ'האט עס איבערגעדעקט מיט גאלד.

אלעס איז געווארען מיט גאלד איבערגעדעקט. דער עגל הזהב האט מרקד געווען אין

דעם אידישען לאנגער דער „גאָלד" כח האָט זיך אזוי ווייט מתגבר געווען דאס אלעס, די גאנצע קדושה איז דאדורך פארטונקעלט געווארען.

מיט דעם גאָלד האָט מען אלע ניט ריכטיגע זאכען אבגעטאָן. אלע עברות מכפר געווען. אלע מצות מעשיות אלס א נעבענזאך און ניט וויכטיג געשטעמפעלט.

די צייט האָט אבער איבערצייגט ווי ווייט שעדליך דאס ענדערען איז. די וועלכע האָבען די אידישע מחנה מיט דעם פאלשקייט פון „מאָדערנע איינריכטונג" חרוב געמאכט זעהן אליין זייער טעות. די קאמיוניטי סענטערס, וואָס האָבען געזאָלט זיין די רעטונג פון די יוגענד, די פעסטונג וואָס זאָל דערהאלטען אידישקייט איז ניט מעהר ווי א מקום המוכן לפרעניות פאר בליבען.

אמת זיי האָבען די שוהלען, דאס אידישקייט און די ת"ת צובראָכען, אבער ווי איז צו דער רעטונג וואָס זיי האָבען געזאָלט שאפען. יעצט זעהען זיי שוין גוט דעם שרעקליכען חורבן וואָס די מאָדערנע איינריכטונגען האָבען אין אידישען לאנגער געבראכט.

יעצט זעהען זיי „ולא הי' קולו ערב" — ווי שעהן די אנשטאלטען זאָלען ניט זיין, וואָס מעהר מ'זוכט צו ענדערען דאָס אלטע, מעהר אומגליק ברענגט דאָס פאר דעם כלל ישראל, מעהר שטעלט מען אין סכנה דעם עתיד.

נטלו את צפויו והי' קולו ערב כמו שהי' — נעמט מען נאָר אוועק דאס „נייע" קומט אלעס צוריק ווי פריהער. דער איד דאָס אידישע קינד איז באמת פון די בני אברהם.

די נעטליכע תורה איז איהם צום הארצען. ער וויל באמת זיין א איד ווי זיינע עלטערען. די נייע פיהרער קענען דעם איד אין גאנצען ניט, זיי דענקען אז דער איד וויל פריי זיין. ניין.

ובניהם אשר לא ידעו—אייערע קינדער זיינען ניט ווי איהר ווילט איז, ווייל זיי ווייסען ניט די הייליגקייט פון דער תורה. יבאו — זאָלען זיי קומען, לערנט מיט זיי, זאָלען זיי ניט זיין אומוויסענד, וועלען זיי זיין די אידען וואָס ווייסען ליראה את ה'.

דער קיום פון א פאָלק איז נאָר מעגליך ווען דער יסוד פון דער נאציאָן ווערט ניט געענדערט, ווייל די צייט־ענדערונגען פון דעם מאָמענט זיינען ניט מעהר נאָר דער סם פון עתיד.

דאָס איז דער סוד וואָס מיר זיינען די איינציגע געבליבען פאָלשטענדיג די ריינסטע צווישען אלע פעלקער, דאָס ניט ענדערען זיך פאר קיין פאָל איז דער סוד פון אונזער קיום.

**סוף החלק הראשון**

# תקון טעות

אויף זייט (10) אין דעם פאראגראף וואס הויבט זיך אן מיט די ווערטער „ווילסטו איד“ זיינען די שורות פארביטען געווארען. דער פאראגראף דארף זיך לייענען ווי פאלגט :

ווילסטו איד דיין קינד זאל אויך א איד זיין, ווילסטו איהם אלס דיין שטעלפארטרעטער האבען? קענסטו עס דערגרייכען ווען דו ביזט עס, ווען אידישקייט איז ביי דיר טייער, ווען דו האסט ליעב תורה, ווען קדושת התורה איז דא ביי דיר, דאמאלס גיב עס איבער דעם קינד. תורה מוז איינער דעם צווייטען איבערגעבען.



דעם אידישען לאגער דער „גאלד“ כח ה
אזוי ווייט מתגבר געווען דאס אלעם, די
קדושה איז דאדורך פארטונקעלט געוואו

מיט דעם גאלד האט מען אלע ני
טיגע זאכען אבגעטאן. אלע עברות מכו
ווען. אלע מצות מעשיות אלס א נעבענז
ניט וויכטיג געשטעמפעלט.

די צייט האט אבער איבערצייגט וו
שעדליך דאס ענדערען איז. די וועלכע
די אידישע מחנה מיט דעם פאלשקייט פו
דערנע איינריכטונג“ חרוב געמאכט זעהן
זייער טעות. די קאמיוניטי סענטערס, וו
בען געזאלט זיין די רעטונג פון די יוגע
פעסטונג וואס זאל דערהאלטען אידישקי
ניט מעהר ווי א מקום המוכן לפרעניות
בליבען.

אמת זיי האבען די שוהלען, דאס
קייט און די ת"ת צובראכען, אבער ווי
דער רעטונג וואס זיי האבען געזאלט ש
יעצט זעהען זיי שוין גוט דעם שרע
חורבן וואס די מאדערנע איינריכטונגען
אין אידישען לאגער געבראכט.

יעצט זעהען זיי „ולא הי' קולו ער
ווי שעהן די אנשטאלטען זאלען ניט זיין,
מעהר מ'זוכט צו ענדערען דאס אלטע,

סוף

# ואלו יעמדו על הברכה
## על פי סדר א. ב.

א

אברהם מנחם יפו
אברהם צייטלין
אברהם צבי מעראן
אברהם הערשקאוויץ
אברהם ידידי' ראגאטניק
אברהם קראפט
אהרן בערנמאן
אהרן רזשייקאבס
אהרן צבי פאס
אייזיק זילווערמאן
אלחנן זילווערבלאט
אלימלך וואלעס
אפרים קאהן
אפרים אשר ליכטארזש
ארי' ליב בר' משה צבי ז"ל דארפמאן

ב

בן ציון גערשענהאבער
דר. ברוך דאמסקי
ברוך האלפערן
ברוך ראובן רייך, שו"ב

ג

גדלי' דוד ווילקינס

ד

דוד בערשקאווסקי
דוד בלאטער
דובער האכבערג
דוב צבי הכהן
דוד וואסילסקי

ז

זינדל פאמעראנמץ
זלמן לעווי
זעליג קאטצעוויטש
זלמן ישראל בר' יהודא ראסינסקי
זלמן אורעצקי
זוסמאן בר' יוסף וואלק ע"ה

ח

חיים קאהן
חייב דוב הלוי לעווין
חיים ישעי' שילאסקי
חיים דוד הלוי לעווין

י

יחיאל מיכל בראון
יהודא ליבוש רובינשטיין
דר. יעקב לאטמאן
ירוחם בר' משה יוסף נוימאן
יהושע מנחם בר' בן ציון ז"ל מעצגער
ישראל יחזקאל קירשנער
ישראל בר' משה צבי ז"ל דארפמאן
יוסף ראוויץ שו"ב
יצחק זישא גאלדבערג
יוסף ליב כהן
יעקב שמעון קאראטין
יוסף מאלין
יעקב ליב ענדראן
יהודא ליב מרגליות
יוסף צבי מילער
ישראל ראזען
יוסף אקסעל
יוסף הכהן שאפקין
יוסף יצחק פינקעלשטיין
יעקב בר' זוסמאן וואלק

ל

הרב לוי יצחק כהנא
ליב האלצמאן
דר. ליאן קאסין
ליב טייטעלבוים

מ

הרב מרדכי זעליג הירש
מרדכי יוסף הלוי הורוויץ שו"ב
משה פרידאן
מרדכי קוזנעצאוו
דר. מאקס ליבקינד

מתתי׳ גרינבערג
משה זוינער
משה גאָלדוואסער
מרדכי ארי׳ שילאסקי
מרדכי הורוויץ
מרדכי ליב מאניל
מרדכי שילאסקי
משה גאָלדמאן
משה צבי אָפאן
משה זאלץ
דר. משה זאב בירער
מרדכי הארצבערג
מרדכי הכהן גרומין
מרדכי הכהן גרומיט
משה שאָלץ
מאיר ליב האלפערן
משה צבי זופאן
משה דרוסס
משה צבי בר׳ אהרן נתן ע״ה בארנעט

### נ

נטע לאקס
נחמן קאפל סקלאנסקי
ניסן בר׳ יעקב ז״ל קוגלער
נתן יהושע מילער

### ס

דר. סעם מ. נעטצאָף

### ע

עקיבה הירש אָרענשטיין

### פ

פינחס זאַקס
פסח ליפמאן הכהן

### צ

הרב דר. צדיק קאפנער
צבי הירש פרידמאן
צבי לייבאָוויץ
צבי הירש קאמינסקי
צבי הירש רעקסאן
צבי יאבלאָנאָוויץ
צבי הירש צימערמאן

### ק

קלמן לעווי

### ר

רפאל קאָרן

### ש

רעוו. שמואל גאָלדבערג
שמואל לאטמאן
שמואל אשכנזי
שמואל בער ווידעליץ
שלמה לוביטץ
שלמה ראנכין
שלום אשרזאָהן
שמואל ראָטה
שלום שבנא זינגער
שלמה ראָהער
שמואל אלעזר לאסקי
שמואל מנקר
שמואל זיינוויל מארערן
שלום וויטקין
שלמה וויטץ

---

אײדל אײזענברוך

ברכה שווארץ
בעסי קאסאווסקי

גאָלדא ליפשיץ

דבורה פאָרמאן

חי׳ שרה דובאָוו
חי׳ בר׳ צבי ליב בארנעט ז״ל
חוה מלכה, בת ר׳ זוסמאן וואָלק
חי׳ זאקס בר׳ מיכל סאָקאָלסקי ז״ל

פערל סיגאל

רבקה לעפקאָוויטץ
רבקה שטיינמאן
רבקה רייזמאן

שרה פאָלק
שרה ריקעל בת יצחק שלמה וואָלק